


וו. רעזניטשענקאָ

# דניעפּערבוי

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג
„קולטור-ליגע"

49

שול־ און פּיאָנערן־ביבליאָטעק

וו. רעזניטשענקאָ

# דניעפּערבוי

יידיש — מ. שאפּיראָ

№ 49

קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור־ליגע“
קיִעוו—1930

די ביבליאָגראפישע פארצייכענונג
פון דעם בוך אונ די שיפרענ פאר
ביבליאָטעק-קאטאלאָגנ זײַנענ אָפּגע-
דרוקט אינ „צײַטשריפט פונ דרוק" אונ
אינ דעם „קארטנ-רעפּערטואר" פונ
דער אוקראַיִנישער בוך-פאלאטע.

בעלוכע - טרעסט „קיִעװ - דרוק",
2-טע דרוקערײַ, חאָראָװסקי 42.
באשט. 2419 געדרוקט — 3000,
2 דר.-בויגנ. קיִעװער קרײַזליט
נומ: 456.

# אוועקגעפּאָרן

שיינע וואַרעמע פרילינג־טעג. אין די שולן רודערט זיך· יעדער טאָג א באַראַטונג, מערער פון אַלעמען איז פאַרנומען די קינדערשע דיסקאָנט־קאָמיסיע. מע דאַרף אויסכעשבענען, וואָס פאַרא רעזולטאַטן האָט געגעבן די סאָצפאַרמעסטונג צווישן איין שול מיט דער אַנדערער. דערנאָך אַריבערפירן די ציפערן אַף פּלאַקאַטן און דיאַגראַמען.

שפּעטער מיט עטלעכע טעג וועט פאָרקומען דער קרייַזישער צוזאַמענפלי. מע דאַרף נאָך גאָר אַסאַך אַרבעט אָפּטון. דער הילף־קאָמיטעט פון שול פירט דורך א לאָטעריי לעטויוועס דער געזונט־קאַמפּאַניע, אין דער אַרבעט האָט מען גאָרנישט באַמערקט, ווי אַזוי ס׳זייַנען אַדורכגעלאָפן די לעצטע טעג. פון די כוטאָרעס, דערפער, ראַיאָנען פאָרן זיך שוין צונויף די פּיאָנערן אַפן צוזאַמענפלי. פייַערלעך באַגעגנט זיי די שטאָט, א באַפּוצטע מיט רויטע פאָנען און גרינע גירלאַנדעס. פייַער־לעך מאַרשירן די פּיאָנערן איבערן שטאָט. די רעגירונג נעמט אוף דעם פּאַראַד·

— מיר, יונגע לענינער.

העל און מונטער גיסט זיך דער פּיאָנערישער געזאַנג.

ווי מאָן־בלומען בליִען די האַלדז־טיכלעך. אינאָוונט האָט זיך אין גרעסטן טעאַטער געעפנט דער קרייַזישער צוזאַמענפלי.

עטלעכע טעג באַכאַנאַנד האָבן געהילכט אינעם טעאַטער די יונגע קעלעכלעך. צום סאָף צוזאַמענפּלי שענקט די קרײַזביוראָ פון קאָמקינדערבאַוועגונג א מאַטאָנע דעם קרײַזישן צוזאַמענפלי — אַן עקסקורסיע צום דניעפּערבוי. מיט א פּאַטשערײַ און מיט פריידיקע אויסגעשרייען באַגעגענען די פּיאָנערן די דיזאַקע נײַס.

דניעפּערבוי — נישט איינער האָט געכאָלמט דערפון.

דניעפּערבוי — דאָס עלעקטרישע האַרץ פון אוקראַינע.

דעם אכצנטן יוני פון 1929־טן יאָר וועלן אסאך כעוורע לאַנג פאַרגעדענקען. דעם אכצנטן יוני גייט אָפּ צום דניעפּערבוי דער באַזונדערער צוג מיט די פּיאָנערן. דער עקסקורסיע־שטאַב האָט דורכגעפירט עטלעכע שמועסן מיט די עקסקור־סאַנטן. ער האָט פאַנאַנדערגעטײלט בילעטן. די בילעטן האָבן געגלאַנצט בא די פּיאָנערן אין די הענט. צוזאַמען מיט דער כעוורע פונעם צוזאַמענפּלי פאָרן נאָך דרײַ גליקלעכע שול־קינדער: וואַסיל קאָניק, טיכאָן סטעפּאַנאָװ און אָדאַרקאַ סער־גיענקאָװאַ. זיי האָבן אויסגעשפּילט בילעטן. דער הילף־קאָמיטעט פון שול האָט צווישן די געווינסן אויך געפלעט בילעטן אף דער עקסקורסיע צום דניעפּערבוי. אָך, וויפל באַלאָנים ס'איז געווען אויסצושפּילן. וויפל קאַנדידאַטן אף גליקלעך ווערן!

אָוונט. מיט פאָנען און מוזיק לאָזן זיך די פּיאָנערן צום וואָקזאַל. יעדערער האָט מיט זיך א קוישל, א פּעקעלע. באַם וואָקזאַל האָבן זיך אויסגעשטעלט די מאַכנעס — יעדעס מאַכנע מיט איר פענדל. דער שטאַב האָט אויסגעטײלט שעצן פאַר די וואַגאָנעס. ער האָט זיי געגעבן אינפאָרמאַציע און באַפוילן זיך רירן פון אָרט. מאַכנע נאָך מאַכנע גייט אַדורך דעם וואָקזאַל און קומט אַרויס אפן פעראָן. דער צוג שטייט שוין גרייט. איי־נער נאָכן אנדערן לויפן די פּיאָנערן אין די וואַגאָנעס אַרײַן.

**אָט האָבן זיי אופגעעפנט די פענצטערלעך, זיי קוקן ארויס, פאָכן מיט די פאַטשיילקעס, מיט די היטלען.**

דער זייגער איז 20⁴⁰, דאָס הייסט פערציק מינוט אף נײַן אינאָווונט. דער צוג איז אוועק. פאמעלעך, שנעלער, נאָך שנעלער. ס'האָבן דורכגערוישט די וואגאָנעס פארבײַ די וויזערס. פארבײַ די פענצטער האָבן געגומען שפרינגען סטויפעס, הײַזער, ביימער. פונקט ווי זיי וואָלטן זיך דערשרעקן פארן צוג און אנטלויפן ערגעץ אין דער ווײַט. אָט האָבן זיי אדורכגערוישט איבער א בריק. ערגעץ ווײַט האָבן זיך צעפינקלט די פײַערלעך פון שטאָט. פון די וואגאָנעס טראָגן זיך געזאנגען. פון הינטערן האָריזאָנט איז ארויסגעשווומען די לעוואָנע. ארויסגעשווומען, פארקוקט מיט א שטראלעכל אין פענצטער ארײַן און א שמייכל געטון צו די יונגע רײַזנדער. און זיי, די יונגע כעוורע, האָבן ארויסגעשטעקט די הענט פון די פענצטער און זיי באגריסן די לעוואָנע. די זון איז ארויסגעשווומען גאנץ הויך און זי האָט זיך אָפגעשטעלט, פונקט ווי זי וואָלט זיך צוהערן צו די פּיאָנערישע לידער. די רײַזנדער האָבן געזונגען, א גאנצע נאכט געזונגען, און אז ס'האָט שוין גענומען שאַרן אף טאָג (די נאכט איז דאָך א קלייניקע), זײַנען זיי געוואָרן שטיל, אנשלאָפן געוואָרן. נישט לאנג זײַנען זיי געשלאָפן. גאנצפרי זײַנען זיי שוין ווידער בײַ די פענצטער. זיי באטראכטן דעם סטעפּ, וואָס זיי האָבן אמאָל געלערנט וועגן אים אין געאָגראפיע. מיט א טראס־קערײַ זײַנען זיי ארײַנגעפאָרן אף דער סטאנציע זאפּאָראָזשיע. דאָ האָט מען דעם צוג אריבערגעפירט אף דער קאטערינינער ליניע. באלד איז שוין דער דניעפּערבוי. די עקסקורסאנטן האָבן ארומגעקלעפּט די פענצטער, אזוי ווי די בינען, זיי צענעמען זיך די אויגן קוקנדיק.

— אנו, ווער וועט דערזען דער ערשטער!

— איך! איך! — טראָגן זיך קוילעס. דאָס פּאַרוועטן זיי זיך אַזוי, ווער וועט דער עהשטער דערזען די גרויסע בויונג. דער צוג לויפט דורך פאַרבײַ יישוּווים אַזוינע, געבײַדעס.

פּלוצים א קנאַק.

אונטערן צוג ערגעץ טיף האָט זיך גענומען שוואַרצן א וואַסער, און שפּעטער האָט זיך שוין דאָס וואַסער צעגאָסן אין א בלויער, ברייטער סטענגע.

דער צוג גייט איבערן קיטשקאַסער בריק. פונונטן שפּרייט זיך דער דניעפּער, אײַנגעשמידט אין די מעכטיקע גראַניט-ברעגעס, אַזוי ווי ער וואָלט זיך פון אונטערן בריק געריסן אף דער פרײַער וועלט.

— א דאַמפער! טוט נאָר א קוק!

— און ס'אַרא ברעגן דאָ זײַנען! — שטיינערנע — אַזש גרינע!

— אָן איז נאָך א דאַמפער!

די פּיאָנערן האָבן זיך פריידיק גענומען איבערעדן. זיי קענען נישט אָפּרײַסן די אויגן, אָבער דער צוג האָט זיך שוין באַהאַלטן הינטערן אָנשיט, און די שיינע דניעפּער־פּאַנאָראַמע, וואָס האָט פאַר זיי א פינקל געטון אף איין רעגעלע, האָט ניט געסטײַעט.

ס'האָט א ליכט געטון פאַרבײַ די פענצטער א קליין געמויערט סטאַנציעלע.

אפן סטאַנציעלע הענגט אַן אויפשריפט:

| |
|---|
| *Днiпрельстан* |
| *Днепрострой* |

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— א גרוס די פּיאָנערן, וואָס זײַנען געקומען צו פאָרן אפן דניעפּערבוי, — הערט זיך א פרײַנטלעכער אויסגעשריי. דאָס זײַנען די פּיאָנערן פון דניעפּערבוי אזוי ארויסגעגאנגען באגעגענען דעם פּיאָנערישן צוג. די עקסקורסאנטן האָבן זיך ארויסגעשאָטן פון די וואגאָנעס און גלײַך אפן אָרט דורכגעפירט א באגעגע־ניש־מיטינג.

פרימאָרגן. די פרישע סטעפּ־לופט באנײַט די קויכעס.

## דעם דניעפּערס פארגאנגענהײַט

זיי האָבן אָפּגעגעסן אָנבײַסן, אָפּגערוט זיך און אין רייען אוועקגעלאָזט זיך צו דער בויונג. איבערן וועג זײַנען צעשפרייט יונגע סקוועריקלעך, צײַטווײַליקע ארבעטער־באראקן, געצעלטן, קלייטן. זיי זײַנען עטלעכע מאָל אדורכגעגאנגען די באן־ליניעס. אנטקעגן די עקסקורסאנטן האָבן זיך געצויגן פורלעך שטיינער, מאסע־אווטאָמאָבילן, ארבעטער. מע הערט שוין א גערודערײַ, א גערויש, א טראַסקערײַ, ס׳הודען הודקעס, ס׳פּײַפן סירענעס...
זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט נעבן דעם הויכן גרויען הויז פון דער דניעפּערבוי־פארוואלטונג. דאָס הויז קוקט מיט אסאך פענצטער אפן דניעפּער, ווו ס׳יאָגן זיך ארום שיפלעך, אף די ברעגן, וואָס זײַנען אָנגעפילט מיט מאשינעס, קראנען, לאָקאָמאָטיוון. נעבן דעם הויז שטייט לעבינס צײַטווײַליקער מאָנומענט. אן עמעסער און שטענדיקער מאָנומענט פאר לעבינען וועט שוין זײַן דער דניעפּערבוי.

פארבײַ די עקסקורסאנטן איז דורכגעלאָפן אן אווטאָבוס „זאפּאָראָזשיע־דניעפּערבוי“. און אָט איז צו די פּיאָנערן ארויס־

געגאנגען אין אָנפירער, א לעקטער. זיי זײַנען אוועק מיט אים. דער לעקטער האָט זיי דורכגעפירט פארבײַ דער צײַטווײַליקער קראפט־סטאנציע צו א פלאץ, באוואקסן מיט גרינעם גראָז, דאָ זײַנען זיי געבליבן שטיין. פאר זייערע אויגן האָט זיך געשפרייט די גאנצע פאנאָראמע פונעם דניעפּער. פונדערווײַטנס איבערן רעכטן ברעג האָט זיך פון צאָפן־זײַט געזעען די דײַטשישע קאָלאָניע קיטשקאס.

הינטער דער־אָ קאָלאָניע, איבערן שמאָלסטן אָרט פון דניעפּער „דער וואָלפישער האלדז", העגגט דער קיטשקאסער בריק. אפן לינקן זײַט ציט זיך א ריי ביניאָנים — שטיין־מילן. איבערן דניעפּער פאָרן ארום קאטערס, מאָטאָר־שיפלעך, סקריפּט ארום א גראָב־מאשין, וואָס זעט אויס ווי א כײַע מיט א לאנגן ברייטן עק. הינטערן ברעג רויכערט א ווײַסער דאמפּער. איבער די ברעגן לויפן לאָקאָמאָטיוולעך מיט פלאטפאָרמעס — אנדערע פלאטפאָרמעס זײַנען אָנגעלאָדן מיט שטיינער אנדערע—ליידיקע. נעבן די פלאטפאָרמעס ריזען די עקסקאוואַטערס דעם שטיין. די קראנען לאָדן אָן די פלאטפאָרמעס. איבערן גאנצן דניעפּער און איבער די ברעגן זידט די ארבעט. אף די פעלדזן אינמיטן דנעפּער—אפן נ א ר י ש ן, אף דער ק א ט ע ר י נינער ק ר ע ס ל ע, אפן ד ע מ ב ע נ ע ם*) טוט זיך אויך עפּעס. אינווײַטנס גרויען זיך אזוי ווי פון א נעפּל ארויס די סטויפּעס פונעם קומענ־ייקן אײַזנבאן־בריק. אומעטום איז דאָ ארבעט, ארבעט, ארבעט. אָנגעשטרענגטע ארבעט. איבער דעם אלעם טראָגט זיך א טומל, א געררויש, א פײַפערײַ א טראסקען. די פּיאָנערן קוקן און זיי זײַנען פארכאפּט פון דער קאָלאָסאלער בויונג, פון דעם־אָ ריזיקן פלי פונעם מענטשלעכן געדאנק.

*) נעמען פון די פעלדזן.

דער לעקטער האָט אפּן גראָז פאנאנדערגעוויקלט א קארטע פון דניעפּערבוי. די פּיאָנערן האָבן זיך צוגעגרייט נאָטיץ־ביכ־לעך, בלייַערס, זיך צוגערוקט נעענטער צו דער קארטע, דער לעקטער אינדערמיט.

— מיר געפינען זיך איצט, — האָט דער לעקטער אָנגעהויבן, — אפּן אלטן וואסער־וועג „פון די וואריאגן צו די גריכן". גאָר אמאָל, פארצייַטנס נאָך, האָבן זיך מענטשן דורכגעלייגט נייַע שליאכן און זיי האָבן באהערשט דעם דניעפּער. מיטן דניעפּער האָבן זיי זיך דורכגעלייגט האנדל־שליאכן קיין צאָפנזייַט און אין דאָרעמזייַט, אָבער אף דעם־אָ וועג האָבן זיי באגעגנט א שווערע מעניע — די שוועלן, ווו דאָס וואסער רוישט, שטורעמט, שלאָגט זיך אינעם גראניטענעם גרונט, פאטשט איבער די פעלדזן. אף א מעהאלעך פון 80 קילאָמעטער ווילדעוועט דאָס וואסער איבער די שוועלן. נישט אדורכגיין זיי, נישט אריבערפאָרן. צוגעקומען צו די שוועלן, פלעגן זיך די סאָכרים ארויסזעצן אפּן ברעג און שלעפּן אָדער טראָגן די שיפלעך אזש ביז אהינטער די שוועלן. פול מיט סאקאָנעס איז געווען דידאָזיקע נעסיע. הינטער די פעלדזן, אין די קוסטעס־באהעלטענישן פלעגן אף די דורכפאָרנ־דיקע סאָכרים לאָקערן וועג־גאזלאָנים.

צייַטן זייַנען פארלאָפן. די ערשטע סאָכרים האָבן נישט גע־סטייַעט. די וועג־גאזלאָנים זייַנען פארשוווּנדן. ס'זייַנען אָנגע־קומען נייַע הערשער, און די שוועלן האָבן נאָך אלץ געקאָכט ווי פארצייַטן.

האָבן מענטשן געטראכט: ווי אזוי־זשע איז מען גוייווער די שוועלן? ווי אזוי מאכט מען, אז די שיפן זאָלן קענען ארויס־פאָרן צו דאָרעם־צו. אין 1796־טן יאָר פרוווט דער מענטש צום ערשטן מאָל זייַנע קויכעס אין קאמף מיט די שוועלן. בייַקומען

די שוועלן האָט זיך זיי ניט אײַנגעגעבן, ד׳ערפאר אָבער האָט
מען זיי געקענט ארומגיין: דער אינזשענער דע־וואָלאן שטעלט
דעמאָלט צונויף א פראָעקט, לויט וועלכן פאלייעוו גראָבט דורך
קאנאלן אף דעם אלט־קאדאצקן שוועל און אף דעם נענאסי־
טעק. די קאנאלן האָט מען אָבער שלעכט געמאכט, און זיי האָבן
נישט באַרעכטיקט די האָפענונגען. זיי שטייען נאָך הײַנט אויך
אָן קיין שום נוצן.

שפּעטער־צו האָט דער צאר ניקאָלײַ I געוואָלט אריבערפירן
מיט שיפן הארמאטן אין די פעסטונגען, און ״ האָט באפוילן
דעם אינזשענער שישאָוו אונטערזוכן די שוועלן און שליוזע־
וען זיי. און וואָס ווײַטער, ציען די שוועלן אלץ מער צו די אופ־
מערקזאמקײַט פון פארשיידענע אינזשענערן ביז אונדזער צײַט,
און נישט נאָר ווי א טראנספּאָרט־פּראָבלעם, נאָר אויך ווי א
פּראָבלעם פון ענערגעטיק. אין 1905־טן יאָר נעמען זיך די אינ־
זשענערן מיטראָפאנאָוו און גראפּטיאָ (אָט דער, וואָס האָט אופ־
געבויט דעם וואָלכאָווער) צום ערשטן מאָל באטראכטן די פראגע,
ווי אזוי צו שליוזעווען די שוועלן און אויסנוצן דערבײַ די וואַ־
סער־ענערגיע. די לעצטע פּראָעקטן זײַנען אלע געצילט אף צו
אויסנוצן די־אָ ענערגיע. אזעלכע פּראָעקטן קענען מיר אָנציילן
אזש ביז 20; זיי זײַנען אָבער קימאט אלע איבערגעבליבן אפן
פּאפּיר. זיי וואלגערן זיך אצינד אין די ארכיוון.

— פארוואָס־זשע האָט מען דידאָזיקע פּראָעקטן נישט פאר־
ווירקלעכט? — האָט עמעצער פון די צוהערער א פרעג געטון.

— אָט דערפאר, וואָס אלע ערדן פון דניעפּראָפּעטראָווסק
ביז צום סאמע קיטשקאס האָבן דעמאָלט געהערט צו די פּריצים,
און זיי, די פּריצים, האָבן געפּאָדערט אויסקויף־געלט פאר זייע־
רע ערדן. ערשט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט צוגענומען די

ווערדן בא די פריצים און געגעבן דער ראטנמאכט די מעגלעכ־קייט צו אָנהייבן די גרויסע בויונג. א גרויסע ראָלע האָט לענין צוגעשריבן דער עלעקטריפיקאציע פונעם לאנד. אלעמען איז באוווסט דער לאָזונג, וואָס לענין האָט ארויסגעשטעלט: „קאָמוניזם — איז ראטנמאכט פּליוס עלעקטריפיקאציע". אויספילנדיק דעמדאָזיקן געבאָט, האָט זיך די ראטנמאכט גענומען דורכפירן אין לעבן דעם פּראָעקט פון פּראָפ. אלעקסאנדראָוו. דער דאָזיקער פּראָעקט לייזט פיר פּראָבלעמען מיטאמאָל: 1—די טראנספּאָרט־פּראָבלעם (שיפן זאָלן קענען ארומפאָרן איבערן גאנצן דניעפּער, און מע זאָל קענען אריבערפירן איבערן דניעפּער מאסאָעס פון צאָפן צום יאם און אף צוריק). 2—די ענערגעטיק־פּראָבלעם (אויסנוצן די אומזיסטיקע וואסער־ענערגיע פון די אזויגערופענע „ווייסע קוילן", ד. ה. פונעם וואסער). 3—די באוואסערונג־פּראָבלעם (אז מע וועט פארטרינקען די שוועלן, וועט דער דניעפּער באוואסערן ביז א מיליאָן דעסיאטין טרוקענעם וואסערלאָזן סטעפּ, און דאָס וועט טייקעף אופהייבן אונדזער לאנדווירטשאפט) און 4—די אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע אין דאָרעם־אוקראינע. דער דניעפּערבוי וועט געבן א גרויסע צאָל נייע זאוואָדן און פאבריקן, וועלכע וועלן ווערן מעכטיקע הייבערס פון אונדזער אינדוסטריע.

— ווען־זשע האָט מען עס אָנגעהויבן בויען?

— דער 12־טער מארט 1927 — דאָס איז דער טאָג, ווען מ'האָט אָנגעהויבן די ארבעט. צום ערשטן מאָל האָבן זיך דעמאָלט צעטראָגן די שטימען פון די ארבעטער, וועלכע האָבן אויסגעלאָדן די ערשטע פארטיע בוי־מאטעריאַל. מיט וואָס פאר א ענטוזיאזם האָבן זיך עס דעמאָלט די ארבעטער א נעם געטון צו דער ארבעט. דעם ארבעטער, וואָס האָט ארויפגעוואָרפן די

ערשטע קלאָץ, האָבּן די כאווייּרים זײַנע אונטערגעכאפּט, און מיט „הורא“-געשרײַען האָבּן זיי אים געגומען הייבּן אינדערלופּטן. די אַרבּעטער האָבּן געפּילט, אז דאָ ווערט איצט געבּוירן די מעכטיקע צוּקונפּט פון אוקראַינע, און פון יענער צײַט אָן הערט נישט אוף דער אַרבּעט־געררויש איבּערן דניעפּער. טאָגן־ווי נאכט גייט דאָ די אַרבּעט. דעם 1־טן דעקאַבּער 1932 וועט דער דניעפּערבּוי שוין נעמען טרײַבּן די גאָלדענע ענערגיע.



דאָ וועט זײַן די עלעקטראָסטאנציע.

— אָט טוט נאָר א קוק, — דער לעקטער האָט א פיר געטון זײַן האַנט איבּערן גאנצן ארום, — מיט צוויי יאָר צוריק איז דאָס אַלץ געווען נאקעטער סטעפּ און פּעלדזן, און אצינדער — אָ!

ער האָט אזוי אויסגערעדט דעם „אָ“, אז אלע צוהערער האָבּן דערשפּירט די פײַערלעכקײַט פון זײַן באַוועגונג. די זון איז שוין ארויס גאָר אינדערהייך און האָט געבּראָטן די יונגע פּענימלעך פון די עקסקורסאנטן. דער אוילעם האָט זיך דערהיצט. מע נאָטירט שוין אפילע נישט אין די בּלאָק־נאָטן, אײַנ־

געמידט זיך. די זון, און כוצדעם קריכן נאָך די פליגעלעך אין די אויגן אַרײַן, אין די אויערן, אין נאָז.

די לעקציע איז זייער אינטערעסאנט, און אינטערעסאנטער איז נאָך די בויונג אליין. די עקסקורסאנטן שלעפּט עס אַהין, וווּ ס'רוישט און סע טראַסקעט. זיי הייבן זיך אויף, זעצן זיך איבער אויף אַנדערע ערטער, גייען אָפּ אַהינטער. דער לעקטער פאַרשטייט, אז די צוהערער האָבן זיך שוין אײַנגעמידט.

— קומט צו דער בויונג גופא! — די עקסקורסאנטן האָבן זיך גענומען רודערן. — אגעוו, — ער האָט אַרויסגענומען דעם זייגער און א קוק געטון, — באַלד וועלן זײַן אָפּרײַסן, מע וועט אופרײַסן דעם גראַניט. לאָמיר דאָ גיכער אַלץ ארומקוקן, קעדיי מיר זאָלן באַצײַטנס אַרויסקלײַבן זיך פונעם ראַיאָן פון די אָפּרײַסן.

## די הרעבליע

— און וווּהין וועלן מיר באַלד גיין? — האָבן די בעוורע גענומען פרעגן דעם לעקטער.

— מיר וועלן גיין צו דער דאַמבע. ווו ס'וועט דורכגיין די הרעבליע און ס'וועט זײַן די הידראָ-עלעקטראָ-סטאַנציע.

אַצינד האָבן זיך שוין די כעווורע אײַנצײַקוויזן איבער שטיינער, רעלסן, ברעטער, אײַזנוואַרג אַראָפּגעלאָזט אַראָפּ צום אָנשיט באַם דניעפּער.

— אָט דאָס איז עס די דאַמבע. מיט איר האָט מען עס אָפּגעצאַמט א טייל דניעפּער, און דערנאָך אז מע וועט אויספּאָמפּען דאָס וואַסער פון דעם-אָ טייל, וועט מען דאָ פאַרטיפערן דעם גרונט אויף צו מאַכן א פונדאַמענט פאַר דער הידראָ-עלעקטראָסטאַנציע.

די פּיאָנערן זײַנען אַרופגעגאַן אַף דערדאָזיקער הרעבליע. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט באַם ראַנד, און באַ אייניקע האָט זיך אַזש דער קאָפּ פאַרדרייט. אַזוי הויך! און אונטן אין דער רעכ־טער זײַט פליסט דער דניעפּער, פּונקט ווי ער וואָלט זיך גע־ קאָסט, וואָס מענטשן זײַנען אים מענאַצייעך און זיי האָבן שוין אָפּגערויבט באַ אים אַ שטיק פון זײַן מעמשאָלע. ליבקס איז אַ טיפע גרוב. דאָס איז אַ געוועזענער גרונט. אין גרוב ווימלען די מענטשן אַזוי ווי די פליגן, און אַזוי ווי שרעקלעכע ברוּים זעען אויס די מאַשינעס, וואָס רײַסן אונטן דעם גראַניט, וואָס וואַרפן אים איבער פון איין אָרט אַפן אַנדערן; די־אָ מאַשינעס— זיי טראָגן לײַכט איבער גרויסע שטיקער גראַניט, אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך געשפּילט מיט זיי. צווישן די מאַשינעס דרייען זיך אַרום לאָקאָמאָטיוולעך מיט פּלאַטפאָרמעס.

אַז די פּיאָנערן האָבן זיך שוין אַף אַלץ אָנגעקוקט און זיי האָבן זיי דאָ גלײַך אַנידערגעזעצט אָפּרוען אַף די קלעצער דערשטײַנטע פון די קאָלאָסאַלע אַרבעטן, — האָט עס דער לעק־טער אויסגענוצט, און ער האָט זיי דערווײַל דערציילט וועגן דער ציקונפט פון דער הידראָ־עלעקטראָסטאַנציע. — טוט נאָר אַ קוק אַפן דניעפּער! — אַזוי ווי לויט אַ באַפעל האָבן זיך אַלע אַרומגעקוקט אַפן טײַך. אַלץ, — אַצינד קוקט אַהינצו, אַפן קיטש־קאַסער בריק.

— מיר זײַנען דאָך הײַנט דורכגעפאָרן איבער דעם־אָ בריק, — האָט עמעצער געזאָגט, — איי, ס'אַרא הויכער ער איז!

— אָט אַיי־אָ וועט זיך עס טאַקע אַריבערלייגן איבערן דניע־פּער אַ שטיינערנע הערעבליע, אַף אַ בעטאָן. אין דער לענג וועט די הערעבליע האַלטן 760,75 מעטער, אין דער ברייט 40 מעטער און אין דער הייך — אײַנייעם מיט דעם אונטערוואַסער־טייל —

70 מעטער. דאָס וואסער, וואָס וועט אָניאָגן צו דער הרעבליע, וועט זיך אופהייבן אף 37 מעטער די הייך. וואָס־זשע באַדײַט עס? דעם בריק זעט איר, ער האלט 35 מעטער די הייך, און די וואסער, אז זי וועט זיך אופהייבן, וועט זי אים אויך פארגיסן.

— אוי! אוי! אוי! — האָבן זיך געטראָגן פארכידעשטע קוילעס פון אלע זײַטן. — הערסט א מײַסע!

די פּיאָנערן האָבן געקוקט מיט אָפענע אויגן, נאָר זיי האָבן פונדעסטוועגן ניט פארשטאנען, צוליב וואָס מע בויט עס אזא הרעבליע. די ערשטע האָט א פרעג געטון אָדארקא סערגייעווא.

— און צוליב וואָס דארף מען דאָס אזוי הויך?

— איר געדענקט דאָך, איך האָב אײַך דערציילט וועגן די דניעפּער־שוועלן, אז פון אמאָליקע צײַטן נאָך שטערן זיי דער נאוויגאציע. איז אָט בויט מען עס אצינד אזא הרעבליע, וואָס אז זי וועט פארצאמען דעם דניעפּער דעם וועג, וועט די וואסער זיך נישט האָבן ווו אהינצוטון. זי וועט זוכן אן אויסוועג, און קיין אויסוועג איז נישטאָ, וועט זי זיך פאנאנדערגיסן אין דער זײַט און וועט פארטרינקען אָט דידאָזיקע שוועלן.

— און ווו־זשע זײַנען זיי, די שוועלן, מיר וועלן פאָרן אהינצו?

— עפשער וועט איר פאָרן. די שוועלן זײַנען 40 וויאָרסט ווײַט פונדאנען, אָן דאָרטן, הינטערן קיטשקאסער בריק. פארהאלטן פון דער הרעבליע, וועט די וואסער פארטרינקען אלע שוועלן אף א מעהאלעך פון 110 קילאָמעטער, אזש ביז סאמע צו ווערכניעדניעפּראָווסק. דער פארטרונקענער שטעך וועט אויסמאכן 16.200 העקטאר. מע וועט פון יענעם ראיאָן מוזן ארויסזעצן 44 דערפער. און קיטשקאס וועט אויך פארטרונקען

ווערן. פרײַ וועלן דעמאָלט קורסירן די דאמפערס, וואָרום אלע שטיינער, פעלדזן, צאמען וועלן זיך רויִק ליגן אפן גרונט.

אָט דאָסדאָזיקע וואסער וועט עס אויך אָנטרינקען מיטאמאָל ביז א מיליאָן דעסיאטין ערד. מע רעכנט מיט דער צײַט דער־פירן דעם בּאוואסער־שעטעך בּיז צו 2 מיליאָן 500 טויזנט דעסיאטין.

אף דעם איצטיקן טרוקענעם סטעפּ וועט מען נאָך דער בּאוואסערונג קולטיווירן נײַע געוויקסן, וואָס זײַנען נאָך בּא אונדז גאָר אומבּאקאנט, ווי רײַז, בּוימוואָל, קענאף, וועלכער גיט שטארקע פאָדעם, און אנדערע נוצלעכע געוויקסן. די בּא־וואסערטע ערד וועט געבּן 52 מיליאָן מיט 800 טויזנט רובּל רע־ווען. און דיזעלבּע וואסער, פאַרהאלטן פון דער הרעבּליע, וועט געבּן א מעכטיקע קראפט פאר די טורבּינעס פון דער הידראָ־עלעקטראָסטאנציע.

די עקסקורסאנטן האָבּן זיך שטארק פארינטערעסירט מיט דער הרעבּליע. זיי האָבּן זיך פאָרגעשטעלט, וואָס פאר א הויכע הרעבּליע עס וועט זײַן, אז די וואסער וועט פארטרינקען אפילע דעם קיטשקאסער בּריק, וואָס העכער פאר אים איז שוין, דוכט זיך, אף דער וועלט נישטאָ.

— צו אָוונט־צו וועלן מיר אריבּערפאָרן אפן לינקן בּרעג, דאָרטן וועלן מיר נאָך עפּעס דערזען.״ דאָרט וועל איך אײַך אויך דערציילן וועגן די שליוזן. הערט נאָר אויס. קעדיי צו אײַנ־רעגולירן די הייך פון דעם פרילינג־געוויסער, וועט מען אין דער הרעבּליע אויסבּויען אזוינע בּאזונדערע עפּענונגען. די עפּענונגען וועלן זיך פארמאכן דורך אזוינע שוץ־לאָדנס דורך די־אָ עפּענונגען וועט מען אראָפּלאָזן די איבּעריקע וואסער.

# די הידראָעלעקטראָסטאנציע

— נו, און אצינד קומט אראָפּ אפן ברעג.

דער לעקטער איז אוועק פאָרויס, און די פּיאָנערן האָבן זיך איינציקווייז געלאָזט שפּרינגען איבער די שטיינער, איבער די שווערע קאָלאָנעס און קופּעס איבערגעפלאָכטענעם דראָט. זיי האָבן זיך ארויסגעסקליבן אף א בריקל לינקס. דאָ האָט זיך באַוועגט א גרויסע שווארצע מאַשין. פונעם קוימען אינדערהייך האָט זיך געצויגן א בלויזגקער רויך. די מאַשין האָט פארמאָגט איין לאנגע האַנט און א קויש. דער קויש האָט פארמאָגט שטארקע ווייסע מעטאלענע ציינער. די מאַשין האָט אראָפּגעלאָזט דעמדאָזיקן קויש צו דער קופּע שטיינער, זי האָט געשריִען דערביי, געסאָפּעט, געטראסקעט, אָנגענומען אין דעם קויש שטיינער און אָפּגעטראָגן הויך ארויף, זיך אויסגעדרייט אף א זייט און, אופּעפענענדיק דעם דעק פון קויש, אויסגעשאָטן די שטיינער אף די פּלאַטפאָרמעס, וואָס זייַנען דאָ אף אן אָרט געשטאנען. די שטיינער זייַנען מיט א גערויש אראָפּגעפאלן אף דער פּלאַטפאָרמע. דער דעק פון קויש האָט זיך געקלאַפּט אָן דעם ווענטל, און די קליינע שטיינדעלעך, וואָס זייַנען פריִער געבליבן שטעקן אינעווייניק, זייַנען איצט אויך אראָפּגעפאלן אפן פּלאַטפאָרמע. די האַנט האָט זיך אויסגעדרייט, אָנגעבויגן זיך צו דער קופּע שטיינער, און באַנייס א קאָן אָנגעשעפּט מיט א קריצערייַ א פולן קויש. די עקסקורסאנטן זייַנען געשטאנען פארצויבערטע פון דערדאָזיקער מאַשין. זיי האָבן ארומגערינגלט די גרוב און געשוויגן. די מאַשין האָט געריזעט דעם שטיין.

— דאָס איז אן עקסקאוואַטער,— האָט זיך דער לעקטער אָפּגערופן.— פון אַמעריקע געבראַכט. איר זעט דעם קויש — צען אַמערע וואָלטן אין אים געוויס אריין!

דער עקסקאוואטער איז ארומגעקראָכן, געררודערט זיך. ס׳האָבן אים נישט געארט די בליקן פון די כעוורע, ער ווייסט נאָר איינס: ער שרײַט און ריזעט די שטיינער. ער לאָדט אָן אָט איז שוין דער לעקטער אוועק ווײַטער, און די עקסקור־סאנטן שטייען נאָך אלץ נעבן דעם עקסקאוואטער. דאָס איז די אינטערעסאנטסטע מאשין, וואָס די פיאָנערן האָבן געזעען. זיי וואָלטן נאָך עפשער לאנג אזוי געשטאנען נעבן דעם עקסקא־וואטער, האָט ער זיך אָבער צוגערוקט נאָענט צום ראנד, ווו ד



עקסקאוואטער.

כעוורע זײַנען געשטאנען. ער האָט אזוי נאָענט א פאָך געטון מיטן קויש, אז ס׳האָט זיך אויסגעוויזן — אָט־אָט וועט ער אין זײַן אײַזערנער לאפע ארײַנכאפן די פיאָנערן. די כעוורע האָבן זיך אזש איבערגעשראָקן און זיי זײַנען גיך אנטלאָפן פונדאנען, אהינצו צו זייערע כאווײרים. די כאווײרים זייערע זײַנען שוין געשטאנען בא א קופע בוי־מאטעריאלן, אזוי ווי זיי וואָלטן דאָרט עפעס באטראכט. דאָ האָט זיי דער לעקטער דערציילט

וועגן דער הידראָ־עלעקטראָסטאנציע. ווידער האָבן זיך באוויזן אין זייערע הענט די נאָטיץ־ביכלעך, העפטן און בלײַערס. וועגן דער סטאנציע האָט זיי דער לעקטער דערציילט אזוי: א דירעקטע פאָרזעצונג פון דער הרעבליע אין דער רעכטער זײַט וועט זײַן די הידראָעלעקטראָסטאנציע. אָן דאָרט, ווו מיר זײַנען געווען, דאָרט, ווו דער דניעפּער איז איבערגעצאָמט מיט א דאמבע, אף יענעם אָרט, ווו איר האָט געזעען די טיפע גרוב, רײַסן דאָרטן מענטשן אוף דעם גראניט אף א פונדאמענט פאר דער סטאנציע. צוגייענדיק צו דער הרעבליע, וועט זיך דאָס וואסער פאנאנדערפאלן אף צוויי ארבל. איינער אפן לינקן ברעג פאר די שליוזן — מיר וועלן נאָך זײַן דאָרטן — און דער צווייטער אהערצו, פאר די טורבינעס פון דער עלעקטראָסטאנציע. אין די פאָדערשטע ווענט פון דער סטאנציע וועלן געמאכט ווערן אזעלכע דורכגאנגען, וועלכע וועלן דערנאָך איבערגיין אין ריזיקע שטאָלענע טרויבן מיט א דיאמעטער פון 6 מעטער. ווי איך האָב אײַך שוין געזאָגט, וועט די הרעבליע געבן יענע מעכטיקע וואסער־קראפט, וואָס וועט, זוכנדיק אן אויסוועג, א לאָז טון זיך אין די טרויבן צו די טורבינעס; און אונטער דעם דראנג פון דער־אָ וואסער־קראפט וועלן זיך נעמען דרייען די טורבינעס. די טורבינעס, ווייסט איר דאָך שוין, זײַנען אזעלכע גוואלדיק גרויסע רעדער מיט פליגלען. דאָס וואסער וועט מיט א גרויסער קראפט פאלן אף די־אָ פליגלען. די פליגלען פון די טורבינעס וועלן נישט אויסהאלטן דעם דראנג פונעם וואסער און זיי וועלן זיך נעמען באוועגן. אזוי ארום וועלן זיך נעמען דרייען די שטאָלענע וואלן, וואָס זײַנען מיט זיי פארייניקט. די וואלן זײַנען פארייניקט מיט די גענעראטערס, ווו ס'וועט זיך שאפן דער עלעקטרישער שטראָם.

— ס'וועט זײַן אסאך טורבינעס?

— אזוינע טורבינעס, וואָס זאָלן אף איין וואל זײַן פאראייניקט מיט א גענעראטער, וועלן זײַן צען, צו 80 טויזנט פערד־קראפט, ווייסט איר, צו וואָס איז דאָס גלײַך? אנו, ווער וועט זאָגן?

— א פערד־קראפט, דאָס איז אזא שטארקייט פון דער מאשין, וואָס איז גלײַך צו 75 קילאָגראם־מעטער אין א רעגע, — האָט זיך עמעצער אָפגערופן.

— א פערד־קראפט איז גלײַך צו דער קראפט פון 10 מענטשן, — האָט צוגעגעבן א צווייטער.

— גוט. איר האָט דערקלערט. אצינד געדענקט־זשע, אז ס'וועלן זײַן 10 גענעראטערס, וואָס יעדערער פון זיי וועט האָבן צו 55 טויזנט קילאָוואט. און וואָס איז אזוינס קילאָוואט?

— א קילאָוואט דאָס איז אזא מין מאָס, מיט וועלכער מע מעסט די ארבעט־פעיִקייט פון דער מאשין. דאָס איז טויזנט וואט. א קילאָוואט איז גלײַך צו 1,36 פערד־קראפט. איז אָט וועט דידאָזיקע סטאנציע געבן 800 טויזנט פערד־קראפט, וועלכע וועלן געבן 555 טויזנט קילאָוואט. די ענערגיע וועט אויסגענוצט ווערן פאר א גרויסער צאָל זאוואָדן און פאבריקן, וואָס וועלן זיך געפינען אפן דניעפּערבוי. די הויפּט־געברויכער וועלן דאָ מיסטאָמע זײַן דאָנבאס, קריוואָראָג און דניעפּראָפּעטראָווסק. דער דניעפּערבוי וועט ארומכאפּן א ראיאָן, אין וועלכן ס'וועלן ארײַנגיין דניעפּראָפּעטראָווסקער קרײַז, קריוואָראָגער, זאפּאָראָזשער, מעליטאָפּאָלער, ניקאָלײַעווער, אָדעסער און טיילווײַז דער כארקאָווער קרײַז.

— איך האָב געהערט, אז ס'וועט זײַן ביליקע ענערגיע, — האָט א פּיאָנער געפרעגט, — וואָס־זשע הייסט עס?

— אָט וואָס דאָס הייסט. מ׳האָט אויסגערעכנט, אז דער שטראָם פון דער־אָ סטאנציע וועט קאָסטן צו 3/4״ קאָפּיקע א קילאָ־וואט־שאָ. פארגלייַכט איצט ווי ביליק עס איז. אשטייגער: אף די מאָסקווער און לענינגראדער דאמף־סטאנציעס קאָסט דער עלעקטרישער שטראָם 6 קאָפּיקעס א קילאָוואט־שאָ. אפן וואָל־כאָווכּוי — 3 קאָפּיקעס, אין כארקאָוו — 25 קאָפּיקעס, אין זאפּאָראָ־זשיע — 35 קאָפּיקעס. אָט זעט איר שוין אצינד, אז דער שטראָם פון דניעפּערבוי וועט זייַן ביליקער פאר אלע.

3/4״ קאָפּיקע — די־אָ ברוכצאָל האָט בא די פּיאָנערן אין די נאָטיץ־ביכלעך פארנומען דאָס ערשטע אָרט.

— און אף א וואָסערע זאוואָדן וועט עס אָנקומען די ענערגיע?

— אף די זאוואָדן פון דניעפּראָווער קאָמבינאט. דער דניע־פּערבוי נעמט ארייַן אין זיך א רייע זאוואָדן, וואָס וועלן אופ־הייבן אונדזער אינדוסטריע און די שוצפעיִקייַט פון לאנד. דאָס זייַנען: 1) אליומין־זאוואָד, 2) פערראָ־מאנגאן־זאוואָד, 3) זאוואָד פון קאָלירטע מעטאלן, 4) עלעקטראָ־כעמישער און 5) עלעק־טראָ־מעטאלורגישער. דאָס וועט זייַן, ווי וו. טשובאר האָט געזאָגט, דער גרעסטער שריט אף צו אינדוסטריאליזירן דאָס לאנד. אָט וועל איך אייַך ברענגען א בייַשפּיל. אינעם איצטיקן מאָמענט פארנעמט אליומיני דעם ערשטן אָרט, לויט זייַן געברויך אין דער אינדוסטריע. פאר אווטאָ־ און אעראָ־בויונג איז דאָס דער סאמע נייטיקסטער מאטעריאל. פריִער פלעגן מיר ארייַנפירן אליומיני פון אויסלאנד צו 24 רובל פאר 16 קילאָגראם. און אצינד וועט אונדז דער דניעפּערבוי געבן צו 16 רובל פאר 16 קילאָגראם. 8 רובל עקאָנאָמיע; אין א יאָר וועט זיך אָנעמען א גאנץ גרויסע אָפּגעשפּאָרטע סומע. די קינסטלעכע באמיסטיקונג,

וואָס ווערט דאָ אויסגעארבעט, וועט אופהייבן די גערעטעניש. די פערספעקטיוון זייַנען גרויסע. דער דניעפּערבוי וועט אונדז מיטהעלפן אינעם קורצסטן טערמין צו אָניאָגן און איבעריאָגן די אינדוסטריעלע אנטוויקלונג פון די פאָרגעשריטענע קאפּיטאליסטישע לענדער. דער דניעפּערבוי וועט שפּילן אַן אָנפירנדיקע ראָלע אין דער אינדוסטריע. ער וועט צונויפבינדן די לאנדווירטשאפט מיט דער אינדוסטריע און וועט פארשטארקן דעם צוזאמענבונד פונעם ארבעטער־קלאס מיט די פּויערים.

— הו־הו־ו! — האָט זיך פּלוצים צעפּייַפט א סירענע. ס'האָבן זיך צעהודעט די לאָקאָמאָטיוון. די עקסקאוואטערס האָבן זיך צעטראסקעט און זיי זייַנען ארויסגעקראָכן פון גרוב, ווו זיי האָבן אלץ געדלובעט די שטיינער.

נאָך א סירענע...

דער לעקטער האָט אָפּגעשטעלט דעם שמועס.

— לאָמיר ארויסגיין פונדאנען, — האָט ער געזאָגט, — באלד וועט מען רייַסן דעם גרונט.

דער זייגער האָט געהאַלטן 12. ס'איז פּונקט דער איבעררייַס צום ווארעמעס. די ארבעטער האָבן זיך אוועקגעלאָזט צו דער פאבריק־קיך. די מאשינעס זייַנען ארויסגעקראָכן און באהאלטן זיך אין זיכערע ווינקלען, קעדיי באם אופרייַס זאָל זיי נישט טרעפן קיין שלעכטס. אפן גרונט זייַנען צווישן די שטיינער איבערגעבליבן נאָר די אופרייַסער. ארויסגייענדיק פונעם אופרייס־ראיאָן, האָבן די גרופּע פּיאָנערן באגעגנט מאסע־פורן. אף די פורן זייַנען געשטאנען עפּעס אזעלכע מעטאלענע בלעכן.

— אָ־אָ! די ארבעטער זייַנען אוועק עסן ווארעמעס, און אהערצו פירט מען מילך? — האָט זיך פארכידעשט אָפּגערופן

אָדארקאַ. און בעעמעס האָבן טאקע די בלעכענע קיילים דער־מאָנט אָן די קאנען, וואָס דער צעארבקאָפּ פירט אין זיי פאַ־נאנדער מילך. פון די בלעכן האָט זיך געצויגן א גרין שטראָ־מעלע רויך.

— וואָס־זשע איז דאָס פאר א מילך, אז עס גייט פון דעם א רויך ?— האָט איר א כאווער אָפּגעענטפערט.— דאָס איז עפּעס אנדערש.

אינדערצײַט ווי די שילער האָבן זיך דאָ געשפּארט איבער די סוידעסדיקע בלעכן, איז צו זיי צוגעגאנגען דער לעקטער. ער האָט דערהערט זייער שמועס...

— דאָס איז פליסיקער זויערשטאָף. מע רײַסט מיט אים אוף דעם שטיין. קומט, כ׳וועל אײַך דערנאָך דערציילן.

די עקסקורסאנטן האָבן זיך אופגעהויבן הויך אפן בארג, אזוי אז זיי האָבן אלץ געקענט זען: די ברעגן, דעם אינדזל כאָרטי־צע, דעם דניעפּער, די פעלדזן. זיי האָבן זיך צוגעזעצט. דער וואָ־זשאטע האָט ארויסגענומען זײַן פאָטאָ־אפּאראט און אָנגעשטעלט אים אף צו אָפּפאָטאָגראַפירן די־אָ שיינע גרופּע פּיאָנערן.

דערווײַל, ווי דער עלטסטער האָט דאָ געשמועסט מיטן לעק־טער וועגן דעם פאָטאָ-בילד, האָט נאָכאמאָל א פײַף געטון די סירענע, אף דער לינקער זײַט אויך. לאנג געפײַפט... דערנאָך איז אלץ שטיל געוואָרן. מע הערט נישט קיין גערויש. און אָט באווײַזט זיך פּלוצלים אף דער לינקער זײַט א ווײַסער זײַל רויך, און א הורבע שטיינער צעטראָגט זיך, און דערנאָך דער־לאנגט עס א זעץ. אופגעריסן. נאָך א זײַל רויך מיט שטיינער, נאָך א זעץ. אָט באווײַזט זיך אף דער רעכטער זײַט אויך א רויך, און אף די פעלדזן האָט עס גענומען רודערן און טראס־קען. מע רײַסט די גראניט־ברעגן, מע גלײַכט זיי אויס.

די עקסקורסאנטן שטייען פארקישעפטע. זיי זעען צו דעם קאמף פונעם מענטשן מיט דער נאטור.
- איבער די שטילע סטעפעס טראָגן זיך אופרײַסן.

## זיך געפאקט

ווארעמעס האָבן די עקסקורסאנטן געגעסן אין דער קיך־פאַבריק. דאָס איז א ראַכוועסדיק, ריין, ליכטיק הויז. די עקס־קורסאנטן האָבן צוגעקוקט, ווי אזוי מע קאָכט דאָ דאָס עסן. אָט וועלן זיי עס האָבן צו דערציילן אינדערהיים. דאָס עסן קאָכט זיך אף דאמף אין גרויסע קעסלען. קיין פײַער. זעט מען ערגעץ נישט, קיין קיך־איפּעש הערט מען נישט. ריין אומעטום. טשיקאווע, ווי סע וואשן זיך די טעלער. לאנג-זײַנען די כעוורע געשטאנען בא דער־אָ מאשין. דאָ איז אלץ מעכאניזירט. ווײַל מע דארף צוגרייטן עסן פאַר עטלעכע טויזנט ארבעטער און עקסקורסאנטן, וואָס קומען אָן אהערצו טאָג-טעגלעך.

נאָך ווארעמעס זײַנען די כעוורע אוועק אָפּרוען אין זייערע וואַ־גאָנעס. מע איז ארויס פון דער פאבריק; אייניקע האָבן זיך גע־קויפט אף אָנדענק קארטלעך פון דער דניעפּערבוי־לאנדשאפט און ביכעלעך וועגן דניעפּערבוי. דאָס האָבן זיי טאקע געקויפט דאָ גלײַך אין קיאָסק. אייניקע זײַנען צוגעגאנגען צו א רעדל ארבעטער און פארפירט מיט זיי א שמועס וועגן זייער לעבן. די ארבעטער זײַנען זייער גערן א בארים טון זיך אביסל און דערציילן וועגן זיך. ס'איז אוועק א לעבעדיקער שמועס. די פּיאָנערן האָבן זיך דערוווּסט, אז די ארבעטער האָבן צוויי טע־אטערן: א זומער־טעאטער מיט 1500 ערטער און א ווינטער־טעאטער מיט 1300 ערטער.

צווישן די ארבעטער פירט זיך א גרויסע קולטור־ארבעט. כוצדעם געבּרויכן נישט די ארבעטער אפן דניעפּערבּוי קיין אַלקאָהאָל־געטראַנקען.

די ארבעטער אָרגאַניזירן בּריגאַדעס און זיי פאַרמעסטן זיך אין דער ארבעט. די סאָציאַליסטישע פאַרמעסטונג האָט דאָ געפונען א הייסן אָפּקלאַנג.

וואסיל קאָניק און טיכאָן סטעפּאַנאָוו זײַנען צוריק אַוועק צו דעם אָרט פון דער ארבעט. וואסיל איז א קינסטלער. ער מאָלט שוין גאַנץ נישקאָשעדיק. אין שול גיט מען אים שטענדיק באַמאָלן די וואַנטצײַטונג און ארבעטן פאַר פאַרשיידענע אויסשטעלונגען. ער איז מיט טיכאָנען כאַווערים. זײַנען זיי טאַקע אַוועק אינאיינעם. זיי זײַנען געשטאַנען אביסל לעבן דעם עקסקאַוואַטער, לעבן דעם הויכן הויז פון דער שטיין־מיל. דערנאָך זײַנען זיי צוגעגאַנגען צו דעם האַפן פון דניעפּערבּוי. דאָרט איז געשטאַנען א קאַטער. ער פירט נאַריבּער ארבעטער אַפן צווייטן בּרעג און אפן אינדזל כאָרטיצע. האָבּן זיך דאָ די יאַטלעך אַוועקגעזעצט אפן שטיין. וואסיל האָט אַרויסבאַקומען זײַן מאָל־ביכל און א בּלײַער. ער האָט מיטן אויג אַראָפּגענומען א מאָס פונעם דאַמפּער און ער מאָלט זיך אַזוי; און טיכאָן זיצט זיך סטאַם אַזוי און ער קלײַבּט איבּער די שטיינער. ער קלײַבּט זיך א קאָלעקציע. דער קאַטער קומט אַרויס שיין. אָט איז שוין פאַראַן דער קאָנטור, אָט נעמט ער שוין פאַרמאָלן, לאָזן אָבּער די פליגעלעך נישט לעבּן, זיי קריכן אין נאָז אַרײַן, אין די אויערן, אויגן, זיי זעצן זיך אפן געמעל. וואסיל טרײַבּט זיי אַוועק, זיי ווערן אָבּער אַלץ אײַנגעגעסענער און קריכן ווידער. ס׳איז שוין מער קיין קויעך נישטאָ פון זיי. ער טוט זיך א כאַפּ אויף און לויפט אַוועק, נאָך אים לויפט אויך טיכאָן. באַם סאַמע

ברעג איבערן שטיין (פונעם צעשטערטן פעלדז „באָגאטיר") .לויפן זיי. צוגעלאָפן צו עפּעס א בריקל; אונטערן בריקל שטראָמט אראָפּ דאָס וואסער אין דניעפּער אריַין, אזוי ווי דורך א קאנאלעכל, פונדאנען עפנט זיך א פּרעכטיקע לאנדשאפט. גלייַך פאר זיי האָט זיך דאָ אויסגעשפּרייט צווישן די הויכע גראניט־ברעגן דער אלטער דניעפּער. לינקס — די ברייטע וואַ־סער־שטרעקע. איבער איר קלעטערן די פעלדזן. ס׳קריכט ארום די ערדגראָב־מאשין. דער אינדזל כאָרטיצע צעטיילט עס דאָ דעם דניעפּער אפן אלטן און נייַעם דניעפּער.

וואסילן געפעלט די לאנדשאפט. ער האָט זיך אנידער־געזעצט מאָלן. טיכאָן איז אראָפּ צום וואסער, אויסגעטון די שיך און גענומען זיך וואשן די פיס. דאָ איז שטיל, רויִק און קיין פליגעלעך זייַנען נישטאָ. ערגעץ ווייַט דאָרט הערט זיך א גערודער. ווייַט איבערן דניעפּער פאָרן אום מאָטאָר־שיפלעך. נאָך ווייַטער זיצן אפן ברעג פישערס מיט ווענטקעס. וואסיל איז צוגעפאלן צום געמעל, ער פירט ארויס א שטריך נאָך א שטריך.

פלוצלים דערהערט זיך א פייַף. דאָס יינגל קוקט זיך ארום. אפן בריק שטייט א רויטארמייער און ער רופט אים צו זיך. וואסיל האָט פארבאהאלטן דאָס געמעל און ער איז אוועקגע־גאנגען. אויך טיכאָן האָט אייַליק ארופגעכאפט אף זיך די שיך (נישט באוויזן נאָך גוט אָפּוואשן די פיס), און ער איז אוועק נאָך וואסילן.

— וואָס מאָלסטו עס דאָרטן? — האָט זיך דער רויטארמייער אָפּגערופן צו וואסילן, ווען ער איז צוגעגאנגען.

וואסיל האָט דערלאנגט זייַן געמעל. דער רויטארמייער האָט לאנג געקוקט אפן געמעל און באלד:

— דאָקומענטן!

די יאטלעך האָבן דערלאנגט זייערע עקסקורסיע־בילעטן.

— וואָס, איר ווייסט דען נישט, אז דאָ איז נישט דערלויבט צו מאָלן? ווער זײַנט איר עס אזעלכע?

— מיר זײַנען שילערס — עקסקורסאנטן... — האָבן די יאטן גענומען שטאמלען.

— עפשער זײַנט איר טאקע אי שילערס אי עקסקורסאנטן, אָבער אונטער אזא אויסזען, ווי איר האָט, און אונטער אן עקסקורסיע־בילעט קאָן זיך אָפטמאָל באהאלטן א שעדיקער און א קאָנטער־רעוואָלוציאָנער.

ער האָט נאָכאמאָל דערלאנגט א פײַף. ס׳איז צוגעקומען א צווייטער רויטארמייער. דער דעזשורנע האָט איבערגעגעבן די יינגלעך צו יענעם רויטארמייער, און ער האָט זיך אָפגערופן: „פיר זיי אוועק. זיי האָבן געמאָלט לעבן דער סטאנציע, אָט זײַנען די געמעלן“.

זײַנען די יינגלעך געוואָרן בלייך ווי די וואנט. זיי האָבן געציטערט און זיך געפּלאָנטערט פארן רויטארמייער. מע האָט זיי ארעסטירט.

„פארפאלן שוין אצינד די נעסיע צום לינקן ברעג — האָבן זיך די יאטן געקלערט, — מיר וועלן שוין נים זען די שליוזן! זיי וועלן זיך א כאפ טון און — מיר זײַנען נישטאָ“... לאָזט אונדז אָפּ, מיר וועלן שוין מער נישט, מיר האָבן דאָך נאָר געמאָלט דעם פעלדז, — האָט זיך וואסיל געבעטן.

דער רויטארמייער האָט געשוויגן. אפן הויף פון דער צײַט־ווײַליקער קראפט־סטאנציע האָט זיך געפונען די קאנצעליאריע פון דער וואך. אהינצו האָט עס דער רויטארמייער אָפגעפירט די יינגלעך, דאָרט האָט מען באטראכט די געמעלן און זייערע

דאָקומענטן און מע האָט זיי אָפּגעלאָזט און אָנגעזאָגט אַף ווײַ־
טער אָן דעם אָנפירער נישט גיין אין ערגעץ און נישט מאָלן.

די ייִנגלעך זײַנען שוין גערן געווען ארויסכאַפּן זיך פונעם הויף און זיי זײַנען שנעל אוועקגעלאָפן צו דעם סטאַנציעלע, ווו זייערע וואַגאָנעס זײַנען געשטאַנען, און ווו אַלע כעוורע האָבן זיך געמיטלעך אָפּגערוט נאָכן וואַרעמעס.

## די שליוזן

צוגעלאָפן צו דער סטאַנציע, האָבן די ייִנגלעך דערהערט מוזיק שפּילן. הינטער די געצעלטן האָבן זיי דערזעען זייערע כאַוויירים אויסגעשטעלט אין רייען, און פאַרויס האָט א מיליי־טער־אָרקעסטער געשפּילט א מאַרש.

די יאַטלעך האָבן זיך א לאָז געטאָן לויפן. ס'האָט זיך דער־הערט א קאָמאַנדע, און די רייען האָבן זיך אוועקגעלאָזט אַפּן שליאַך. די ייִנגלעך האָבן קאַם אָנגעיאָגט זייער מאַכנע.

— קיין קיטשקאַס גייען מיר, — האָט מען זיי געענטפערט.

איבערן יונגינקן פּאַרק אַפּן נאָמען פון דער אָקטיאַבער־רע־וואָליוציע זײַנען די פּיאָנערן געגאַנגען פאַרבײַ די אַרבעטער־הײַזער קיין קיטשקאַס. אינייִנעם מיט די אָנגעפּאַרענע זײַנען געגאַנגען די דנעפּערבויִישע פּיאָנערן.

פון צווישן גרינע קוסטעס אַרויס האָט זיך אין דער ווײַט גערויטלט קיטשקאַס מיט זײַנע טשערעפּיצע־דעכער. קיטש־קאַס — דאָס איז א דײַטשישע קאָלאָניע, וואָס דײַטשן פון דאַנ־ציג האָבן געגרינדעט אין 1789־טן יאָר, נאָך דער צעשטערונג פון דער זאַפּאָראָזשער סעטש *). די אָנגעקומענע דײַטשן האָבן

*) מיליטערישע געמיינדע פון אוקראַינער קאָזאַקן.

זיך אײַנגעאָרדנט לעבן דעם אמאָליקן קראַרירער אריבערפאָר. געהייסן האָט דער־אָ אריבערפאָר איבערן דניעפּער „קעטש־קעטש", וואָס טײַטש: „גיי דורך, גיי דורך". פון די־אָ ווערטער האָבן עס די דײַטשן א נאָמען געגעבן זייער קאָלאָניע „קיטש־קאַס". די דײַטשן האָבן אַרײַנגעבראַכט מיט זיך אַן אייגנאַר־טיקע קולטור, וועלכע האָט געווירקט אויך אַף דער אַרומיקער באַפעלקערונג. אַדײַעם שטייט נאָך דאָס הויז פון די ערשטע קאָלאָניסטן אין 1789. דאָסדאָזיקע שטיבל דערמאָנט א האָלענ־דישע דאָרפישע כאַטע. לעבן דעם שטיבל וואַקסן צוויי אַלטע ביימלעך. זיי זײַנען אויך דאָ פון די ערשטע בירגער. די קאָלאָ־ניסטן היטן אָפּ דידאָזיקע כאַטקע, און זיי טראַכטן אריבער־טראָגן זי אַף א נײַעם אָרט, ווי אַן אָנדענק פון פאַרצײַטן, ווען זייערע זיידעס נאָך זײַנען אַהערצו אָנגעקומען אינעם פּוסטן סטעפּ; וואָרום צום פערטן ביי־יאָר וועט קיטשקאַס פאַרטרונ־קען ווערן.

מיט פריילעכע געזאַנגען זײַנען די פּיאָנערן דורכגעגאַנגען איבער די קיטשקאַסער גאַסן, און פון דאָרטן צום האַפן. דאָ האָבן שוין עטלעכע מאָטאָר־שיפלעך געוואַרט אַף זיי. מאַכנעס־ווײַז האָבן זיי זיך אַרײַנגעזעצט אין די שיפלעך. ס'האָט זיך צערוישט דער מאָטאָר, צעסאָפּעט זיך, זיך אויסגעדרייט און זיך שנעל אַוועקגעלאָזט איבערן דניעפּער, שנײַדנדיק זײַנע כוואַ־ליעס. אייניקע עקסקורסאַנטן האָבן געכאַפּט מיט די הענט די כוואַליעס, געפּליוסקעט זיך אינעם וואַסער. דער ביסטרער שטראָם האָט אונטערגעכאַפּט דאָס שיפל און עס אַוועקגעטראָגן מיט זיך, דער מאָטאָר האָט אים אָבער בײַגעקומען און גאָר גיך איז שוין דאָס שיפל צוגעשווומען צום ברעג. אונטערן לינקן ברעג שטײַגן אַרויס פון וואַסער פעלדזן. אַף איין פעלדז אַזאַ,

סאמע אנטקעגן קיטשקאס, שטייט א גיפסענער לייב. די פיס זײַ־
נען בא אים אָפּגעקלאפּט. דאָס איז דער איינציקער זייכער פון
דער אמאָליקער דײַטשישער סאנאטאָריע „אלעקסאנדער־באד“.

מיט געלעכטער און שטיפעריַי האָבן זיך די כעוורע ארויס־
געזעצט און זיי האָבן טייקעף גענומען ארופקריכן אפן שפּי־
ציקן באַרג. דאָ הערט זיך א פייַפעריַי, א געראָדער, דאָ זײַנען
אויך פאראן לאָקאָמאָטיוולעך, קראנען און עפּעס נאָך מאשינען
אזוינע. די כעוורע זײַנען געקראָכן צווישן שטיינער, קלעצער
און אייַזן. אז זיי זײַנען ארופגעקראָכן אינדערהייך אפן בארג
האָבן זיי א קוק געטון אראָפּ. אונטן האָבן זיך געשפּרייט ברייטע
און טיפע יארן, איינער טיפער פונעם אנדערן. אפן דעק האָבן
זיך געטומלט פּארשטויבטע ארבעטער. צווישן זיי האָבן זיך
אזוי ווי שלאנגען געוויקלט און געדרייט גראָבע דראָטן. די
דראָטן האָבן זיך פאַרייניקט מיט די בויער־מאשינען, וואָס די
ארבעטער האָבן מיט זיי געבויערט דעם שטיין. אייגנטלעך האָבן
נישט די ארבעטער געבויערט, נאָר די בויער־מאשינען אליין
האָבן זיך מיט א קריצערייַ ארייַנגעשניטן אינעם שטארקן גראניט
די ארבעטער האָבן זיי נאָר געהאלטן. די ארבעטערס הענט
האָבן זיך דערפון געטרייסלט. צענדליקער בויער־מאשינען
האָבן געבויערט און געזונגען דערבײַ עפּעס א באזונדער ליד.
אינעם צווייטן יאר זײַנען ארומגעקראָכן עקסקאוואטערס. זיי
האָבן פאנאנדערגענומען די אייַזערנע פינגער, געשארט מיט
זיי, אָנגעכאפּט די שטיינער, פעסט אָנגעכאפּט. אופגעהויבן אינ־
דערהייך און אויסגעשאָטן אין דער פלאטפאָרמע. לעבן די
עקסקאוואטערס האָבן קראנען איבערגעטראָגן ריזיקע שטיקער
גראניט. דער לאנגער יאר מיט זײַנע טרעפּ האָט זיך אָף לינקס
אוועקגעצויגן ערגעץ ווײַט.

— דאָס וועלן זײַן שליוזן, — האָט דער אָנפירער געענטפערט אף די פראגן פון די פּיאָנערן, — צו וואָס זײַנען די־אָ יארן? דאָס זײַנען די שליוזן, וואָס די דאמפערס וועלן דורך זיי דורכ־פאָרן די הרעבליע.

— ווי אזוי־זשע וועלן זיי דורכפאָרן, איבּ פאר דער הרעבּ־ליע וועט דער וואסער־שטאנד זײַן אזש מיט 37 מעטער הע־כער איידער דער וואסער־שטאנד נאָך דער הרעבּליע?

אף דער־אָ פראגע האָט דער לעקטער אף דער ערד אָנגעצייכנט די סכעמע פון די שליוזן. פון דער סכעמע האָבן די פּיאָנערן, גע־ווינטלעך, גאנץ ווייניק פארשטאנען, נאָר אז דער לעקטער האָט זיי גענומען דערציילן און באווײַזן מיטן שטעקעלע — וואָס און ווי אזוי, האָבן שוין אלע פארשטאנען.

— אָט אזוי גייט די הרעבליע, אָט איז די הידראָ־עלעקטראָ־סטאנציע אפן רעכטן זײַט, און אָט דאָס זײַנען די שליוזן. מיר שטייען טאקע איצט פונקט אף דעם אָרט. די שליוזן וועלן באשטיין פון דרײַ קאמערן. איר זעט די טרעפּ, וואָס זײַנען דאָ געמאכט, דאָס זײַנען קאמערן. יעדער קאמער וועט האלטן אין דער לענג 120 מעטער, אין דער ברייט 18 מעטער, אין דער טיף 16 מעטער. דער גאנצער שליוזן־דורכגאנג וועט האָבן די לענג 450 מעטער. איינע פון דער אנדערער וועלן זיך די קא־מערן פארמאכן מיט באזונדערע שליוזן־טויערן. אז א דאמפער וועט צוגיין צו די שליוזן, וועט מען אים ארײַנלאָזן אָט אין דעם אָ קאָרידאָרל, דערנאָך וועט מען אָפּעפענען דאָס ערשטע טויערל, דאָס וואסער וועט זיך אריבערגיסן אין דער ערשטער קאמער און דער דאמפער וועט אריבערגיין אין דערדאָזיקער קאמער, נאָכ דעם וועט מען דעם ערשטן טויער פארמאכן און אָפּעפענען דעם צווייטן טויער און דער דאמפער וועט אריבערגיין אין דער

צווייטער קאמער. דערנאָך שוין אין דער דריטער. דאָס רעגו־לירן דעם וואסער־שטאנד אין די קאמערן וועט עס אונדז געבן די מעגלעכקייט צו דורכלאָזן די דאמפערס. פארשטאנען? גאנץ לייכט, נישט עמעס? פארצייכנט־זשע בא זיך. דער דאמפער וועט דורכגיין די שליוזן פאר א שאָ מיט 12 מינוט, פאר א יאָר וועלן די שליוזן דורכלאָזן 100 מיליאָן פוד מאסע; דאָס וועט אריינברענגען דער מעלוכע 1,5 מיליאָן רובל רעווע א יאָר.



צעשניט פון א שליוז־קאנאל.

— און וואָס זיינען דאָס פאר א בויער־מאשינען? — האָט א שילער געפרעגט, באווייזנדיק מיט דער האנט.

— גוט, וואָס דו האָסט דערמאָנט. איר געדענקט, אף דער רעכטער זייט האָבן מיר פארן איפרייס באגעגנט א פור מיט בלעך־קאנען. איר האָט געזאָגט, אז בא אייך פירט דער צעארבי־קאָפּ מילך אין אזעלכע קאנען; דאָס האָט מען אָבער געפירט נישט קיין מילך, נאָר פליסיקן זויערשטאָף צוליב די אופרייסן. קעדיי צו אופרייסן דעם גראניט, בויערט מען אויס אָט מיט די־אָ בויער־מאשינען א טיף רערל, אינעם רערל שטעקט מען אריין פאטראָנעס מיט האָלענדישער סאזשע און מיט אָנגעגאָ־

סענעם פליסיקן זויערשטאָף. דערפון ווערט געשאפן דער אופ־רײַס־מאטעריאַל, וועלכן מע צינדט אָן מיט אן עלעקטרישן פונק. די ארבעטער אנטלויפן, געווײַנלעך, דער פאטראָן רײַסט אוף, און דער פעלדז פליט אין דער לופטן. איר האָט געזעען, ווי אזוי סע פליען די שטיינער?

— אָט מיט דעם־אָ פליסיקן זויערשטאָף רײַסט מען עס אוף? און אונדז האָט מען געזאָגט, אז מיט דינאמיט?

— דינאמיט, פארשטייט איר מיך, איז סאקאָנעדיקער באַם אופרײַסן; ווען מע לייגט אים ארײַן און מע צינדט אים אָן, רײַסט ער אוף, אָבער ס׳קען זיך מאכן, אז ער זאָל נישט אופ־רײַסן אויך און אזעלכע נישט־אופגעריסענע דינאמיט־רעזערוון מאכן דערנאָך אָן גרויסן שאָדן. זיי קאָנען אופרײַסן שפּעטער, בעשאס די ארבעטער וועלן שוין זײַן דערבײַ, ס׳קען אופרײַסן אפילע אין א כוידעש ארום. שטעלט זיך אליין פאָר, וואָס פאר אן אומגליק עס קאָן געשען. און דער פליסיקער זויערשטאָף, אויב ער רײַסט נישט אוף, דאמפט ער זיך אויס אין מעשעך פון 20 מינוט און דעמאָלט איז ער שוין ניט געפערלעך. דעם פליסיקן זויערשטאָף מאכט מען דאָ טאקע אף די זאוואָדן. מיט א באזונדערן אפאראט אזא — א קאָמפּרעסאָר, זויגט מען ארײַן אינעווייניק לופט, און מע פרעסט זי צונויף ביז 200 אטמאָס־פער. די לופט ווערט דאָ אָפּגעקילט, ווערט דערפירט ביז צו מינוס 184° טעמפעראטור און ווערט פארוואנדלט אין א פליי־סיקײַט, דערבײַ ווערט פון איר אויסגעדאמפט דער אזאָט, ווײַל אזאָט זידט בא א טעמפעראטור פון צען גראד נידעריקער ווי זויערשטאָף. דער אזאָט דאמפט זיך אויס און ס׳בלײַבט איבער נאָר דער פליסיקער זויערשטאָף, וועלכן מע גיסט עס טאקע ארײַן אין באזונדערע בלעך־קײלים — טערמאָסן, אזוי ווי גע־

ווײנלעכע פּליסיקײַטן. אָט די־אָ טערמאָסן מיט פאַרשײדענעם זויערשטאָף האָט איר עס הײַנט געזעען אף יענער זײַט. זײ זײַנען ענלעך צו מילך־קאַנען. געבױט איז דער טערמאָס אַזוי: אין דעם בלעך גײט אַרײַן אַזאַ מין גלעזערנע קײלע, אין װעלכער מע גיסט אַן דעם זויערשטאָף, און קעדײ עס זאָל זיך נישט אַנױוארעמען, האָט די קײלע דאָפּלטע װענטלעך, צװישן װעלכע ס׳איז אױסגעפּאָמפּעט די לופט. דאָרט איז אַ כאָלאָל, װאָס פירט, װי באַװוסט, נישט דורך קײן װאַרעמקײַט. איז אָט אין די־אָ טערמאָסן פירט מען עס דעם זויערשטאָף. פליסיקער זויערשטאָף איז, װי אַן אופרײַס־מאַטעריאַל, שטאַרקער און זיכערער פון דינאַמיט, און כוצדעם קאָסט ער טאַקע ביליקער. הערט נאָר — 1 קלגר. דינאַמיט קאָסט 3 ר. 50 קאָפּ. און אַ קלג זויערשטאָף צום אופרײַסן קאָסט נאָר 67 קאָפּ. הײַנט פאַרשטײט איר שױן, װיפל מיר שפּאָרן אײַן דערויף.

— און װיפל װעט קאָסטן די גאַנצע בױונג?

— זי װעט קאָסטן 200 מיליאָן רובל און אױסקױפן װעט זי זיך אין משך פון 5 יאָר.

אױסגעהערט די דערקלערונגען, זײַנען זיך די פּיאָנערן פאַנאַנדערגעגאַנגען אין באַזונדערע ערטער איבער דעם גאַנצן פּלאַץ פון דער אַרבעט. װער ס׳איז אפילו אַראָפּגעקראָכן אפן דעק פון עם שליוז, װו די אַרבעטער האָבן געבױערט דעם שטײן.

ס׳איז אָנגעקומען דער אָװנט. װו־ניט־װו האָבן גענומען פינקלען עלעקטרישע לעמפּעלעך.

— ס׳איז שױן צײַט גײן עסן װעטשערע. דער עלטסטער טרובעט, און די פּיאָנערן לאָזן זיך װידער אײנציקװײַז לױפן צו די מאָטאָר־שיפלעך. די מאָטאָרן האָבן זיך צעהודעט, אװעקגעפאָרן...

גאָלדענע פאסן פון די לאמטערנס האָבן איבערגעווירעט דעם דניעפּער פון אלע זייַטן. אף ביידע ברעגן און ווייַט אפן כאַרטיצע־אינדזל האָבן זיך צעשייַנט עלעקטראָ־שטערנדלעך.

איבערן קיטשקאסער בריק האָט דורכגעטראכקעט א צוג.

לעבן! א ווונדערלעך ליד צונויפגעוועבט פון ליכט און קלאנגען. דאָס ליד פון ארבעט.

## כאָרטיצע — א גאָרטן-שטאָט

אפן צווייטן טאָג האָבן די פּיאָנערן־צווייַטער עקסקורסירט צו דעם אינדזל כאָרטיצע. פון קיטשקאסער ברעג האָט זיי דער דאמפער „טשובאר" געפירט איבערן נייעם דניעפּער און גע־טריבן דערבייַ מיט זייַנע רעדער די מוטנע וואסערן. זיי זייַנען געפאָרן פארבייַ די פעלדזן. פון רעכטס האָט זיך געטונקלט דער הויכער קאָפּ פון כאָרטיצע, לינקס האָבן זיך איבערן דניע־פּער געדרענגט די פעלדזן — די „קאטערינענער קרעסלע", דער „דעמבענער" די „סטויפּעס", און ווייַטער „דער נארישער".

— פּיאָנערן און שילער! הערט נאָר, — האָט זיך דערטראָגן א קאָל פונעם קאפּיטאן־בריקל. אלע האָבן זיך ארומגעקוקט. אפן בריקל איז געשטאנען אן אלטיטשקער. דאָס איז דער אָנ־פירער פון דער עקסקורסיע אפן אינדזל כאָרטיצע, דער מיט־גליד פון דער זאפּאָראָזשער געזעלשאפט פאר קאנטקענטעניש, איוואן איוואנאָוויטש כמיראָוו — אזוי האָבן זיך שפּעטער די עקסקורסאנטן וועגן אים דערוווּסט. ער פירט טאָמיד דורך אָן א שיר עקסקורסיעס פאר די, וואָס קומען אָן אפן דניעפּערבוי.

— מיר פאָרן אצינד מיטן נייַעם דניעפּער, און דער אלטער איז אוועק אהינצו, דאָרט. — ער האָט באוויזן מיט דער האנט אף

לינקס. — ארום אונדז געפינען זיך דאָ היסטאָרישע ערטער. דאָ האָבן זיך אמאָל געשלאָגן מענטשן מיט מענטשן. און אצינד שלאָגן זיך מענטשן מיט דער נאטור, זיי בויען א ריזיקן בײ־ניען — דעם דניעפּערבוי. די אמעריקאנער האָבן געזאָגט, אז דאָ וועט זײַן דער צווייטער ניו־יאָרק, און מיר וועלן זיי זאָגן, אז דאָ וועט זײַט א שטאָט נאָך שטארקער פאר ניו־יאָרק. טוט נאָר א קוק ארום און ארום, וואָס פאר אן ארבעט דאָ גייט אומעטום. און צוריק מיט צוויי יאָר איז דאָ געווען נאָר סטעפּ און פעלדזן. דעם סטעפּ קען מען שוין אצינדער נישט דערקענען, און פון די פעלדזן איז שוין אויך אסאך אף דער וועלט נישטאָ. אָט האָט מען אופגעריסן דעם סאגײַדאטשני־פעלדז, דער „באָגאטיר" איז שוין אויך נישטאָ. דאָ וועלן די מענטשן אָפּרייניקן א גלײַכן וועג פארן דניעפּער. אָט זעט איר דעם „נארישן" פעלדז, ער וועט שוין אויך באלד נישט סטײַען...

— און פארוואָס רופט מען אים „דער נארישער"? — האָט דעם אלטיטשקן איבערגעשלאָגן איינער א צוהערער.

— דו פרעגסט, פארוואָס „דער נארישער"? דערפאר, ברודערל, ערשטנס, וואָס ער האָט זיך צעלייגט ווי א נאר אפן מיטן וועג, צווייטנס, וואָס אף אים פלעג מען ווילד און נאריש באַשטראָפן די קאזאקן; דריטנס, דערפאר וואָס פון דעם־אָ פעלדז האָבן זיך נארישע מיידלעך און באָכורים געוואָרפן אין דניעפּער ארײַן...

— אף דעם־אָ נארישן פעלדז האָט מען נישט לאנג געפונען רעשטלעך פון מענטשן פון דער שטיין־טקופע...

נאָך פיל טשיקאווע זאכן האָט זיי איוואן איוואנאָוויטש אָנדערצײלט, אזש ביז „טשובאר" האָט דערלאנגט א פײַף און איז צוגעפאָרן צום ברעג. זיי האָבן זיך ארויסגעזעצט.

לעבן דעם כאַרטיצער ברעג זײַנען ארומגעלאָפן „קוקאוו־קעס״ (קלײנע לאַקאַמאָטיוולעך) און געפּירט װאגאָנדלעך מיט ערד. ערד־גראָבערס האָבן פאנאנדערגעדלובעט די בערג, אָנגעשאָטן אין די װאגאָנעטקעס זאמד. די לאַקאַמאָטיוולעך האָבן די אָנגעפּילטע װאגאָנעטקעס ערגעץ אװעקגעפירט און באלד אומגעקערט זיך מיט פוסטע. דאָ גלײַך האָט זיך געהויבן א הויכער אײַזערנער שטאנג, פונקט אזא מין שטאנג איז אויך געשטאַנען אף דער אנטקעגנדיקער לינקער זײַט. די שטאנגען זײַנען איבערגעפלאָכטן מיט שטארקן דראָט. מיט דעם דראָט זײַנען עס איבערן דניעפּער איבערגעלאָפן די װאגאָנעטקעס.

— דאָס בויט מען א נײַעם בריק איבערן דניעפּער,— האָט איוואן איוואנאָוויטש געזאָגט,— װאָרום דעם קיטשקאסער בריק װעט מען אראָפּנעמען. דאָ װעט דורכגײן א נײַע אײַזנבאן־ליניע, די „איבערמאגיסטראל״, װאָס װעט גײן פון דאָנבאס, פון דער סטאנציע דעמורינאָ דורך כאָרטיצע קײן קריוואָראָג, ביז דער סטאנציע מארגאנעץ. צוליב דער־אָ אײַזנבאן בויט מען איצט צוויי בריקן. אײנעם אָט דאָ, װוּ איר שטײט, איבערן נײַעם דניעפּער אין דער לענג פון 715 מעטער, און דעם צווייטן איבערן אלטן דנעפּער אין דער לענג פון 224 מעטער. אונטער די־אָ בריקן װעלן פרײַ ארומפאָרן יאם־דאמפערס, װײַל פונעם װאסער־שטאנד ביז צו דער בריק־ארקע װעט זײַן 39 מעטער; אפן אינדזל כאָרטיצע װעט מען אופבויען א גאָרטן־שטאָט.— „עלעקטראָפּאָליס״, װאָס טײַטש די שטאָט פון עלעקטריק. עך, װעט עס דעמאָלט זײַן גוט. קומט דעמאָלט צו פאָרן צו אונדז,— האָט ער אײַנגעלאדן,— און עפשער װעט נאָך עמעצער פון אײַך גאָר ארבעטן דאָ. װער װיל דאָ ארבעטן?

— איך! איך!...— האָבן זיך געהויבן הונדערטער הענט.

— אָך, סאַראַ באַלאָנים איר זײַנט; נו, גוט... קומט לאָמיר גײן באַטראַכטן, א וואָסערער איז ער איצט, דער אינדזל.

— קומט זיך באָדן!

— בעסער באָדן זיך, באָדן זיך, — האָבן אונטערגעכאַפּט באַך קוילעס. דער דניעפּער האָט געצויגן צו זיך די אָפּגעברענטע פאַרשטויבטע פּיאָנערן. די זון האָט געסמאַלעט...

— באָדט זיך נישט אַבי ווו, ווײַל דער דניעפּער שלינגט מענטשן, — האָט זיי געוואָרנט איוואַן איוואַנאָוויטש, — און אז ער פּאַקט אזוינע קלײנע און יונגיטשקע ווי איר, באַלעקט ער זיך אזש...

— ניין, ניין, — האָבן אים קעלעכלעך דערוווידערט.

— איך וועל אײַך באַווײַזן, ווו זיך אויסבאָדן.

— קומט...

די פאַרשיידנפאַרביקע מאַסע קינדער האָט זיך פאַנאַנדער־געשאָטן איבערן אינדזל. די מיידלעך רײַסן בלומען און פלעכטן קרענץ. דער גרינער אינדזל האָט זיך פאַר זיי ראַכוועסדיק גע־שפּרייט. בלומען, גלעקעלעך, בעגעלעך און קרײַטעכצער.

די יונגנאַטן (יונגע נאַטוראַליסטן) זײַנען זיך צעלאָפן איבערן הויכן גראָז. ווער ט'האָט געריסן געוויקסן פאַרן הערבאַרי, ווער ס'האָט געכאַפּט פליגעלעך, זשוקעס. איבערן גראָז און איבער די בלומען האָבן זיך געוויגט זייערע פאַנג־נעצלעך. דרײַ פון זיי האָבן זיך גענומען כאַפּן א יאַשטשערקע. אָדאַרקען האָט זיך אײַנגעגעבן פאַקן א געשטרײַפּט שלענגעלע. זי האָט עס געהיט געטראָגן. דאָס זײַנען דאָך אַלץ אָנדענקען פאַרן לעבעדיקן ווינקל. בא די דניעפּער־ברעגן האָבן זיי שוין אָנגעקליבן א היפּשע קאָלעקציע מינעראַלן.

א גאַנצן טאָג האָבן זיי אַרומגעשפּאַצירט איבער כאָרטיצע. דאָ איז פאַראַן אַביסל ווו א שפּאַציר צו טון. כאָרטיצע האַלט

12 ווערסט די לענג און דרײַ די ברייט, זי איז באדעקט מיט גראָז און מיט נישט קיין גרויסן וואלד.

איוואן איוואנאָוויטש האָט דערציילט וועגן כאָרטיצע פון אמאָל, וועגן בײַדא ווישנעוועצקי, וועלכער האָט דאָ אפן צווייטן אינדזל, אף קליין־כאָרטיצע געגרינדעט די ערשטע זאפאָראָ־זשער סעטש.

— דאָ אף כאָרטיצע פלעגן די אלטע ראָסן בא א גרויסן דעמב ברענגען דאנק־קאָרבאָנעס צו גאָט, דערפאר וואָס זיי זײַנען בעשאָלעם אריבערגעפאָרן די שוועלן.

זיך אָנגעבלאָנקעט א טאָג א גרויסן איבער כאָרטיצע, אויס־געבאָדן זיך נישקאָשעדיק אין די אײַליקע כוואליעס פון דניע־פער, האָבן זיך די פיאָנערן אָוונטצײַט אומגעקערט צום ברעג.

„טשובאר“ איז אָנגעקומען.

פארבריינטע, מונטערע, מיט בילעטן אין די הענט און מיט געזאנגען אף די ליפּן האָבן זיך, די כעוורע אַרײַנגעזעצט אין דאמפער. א פײַף. „טשובאר“ האָט זיך אוועקגעלאָזט קיין זא־פאָראָזשיע.

זאפאָראָזשיע — די געוועזענע שטאָט אלעקסאנדראָווסק — וועט ווערן א קאבאָטאזש־פאָרט, דאָס הייסט פאר שיפן מיט א טיפ־גאנג ביז 5 מעטער. אהין וועלן אָנקומען יאם־דאמפערס, דאָס וועט זײַן א צענטער פון דעם דניעפער־פלאָט.

אז דער אָוונט האָט זיך אראָפּגעבויגן אף דער ערד און די זון האָט דעם דניעפער אָפּגעזאָגט „א גוטע נאכט“ און איז אוועק שלאָפן, זײַנען די פיאָנערן אוועקגעפאָרן פון זאפאָראָ־זשיע צוריק אהיים. זיי האָבן זיך אומגעקערט פול מיט אומפאר־געסלעכע אײַנדרוקן. זיי האָבן געזען, ווי אזוי די ראטנמאכט פארווירקלעכט אין לעבן לעניס געבאָט.

דניעפּערבוי איז נאָך נישט אויסגעבויט, אָבער ער גיט שוין ענערגיע. ער האָט שוין געגעבן ענערגיע, געגעבן אָנלאָד די יונגע לעֶנינער צום קאַמף, צו אַרבעט. דאָס איז זייער צוקונפט. אונטער די וואַגאָנעס האָבן פריילעך געקלאַפּט די רעדער.



אלגעמיינער אויסזען פון דניעפּערבוי.

